

י. ראוויין
מעשה'לאך פון דער
גאנצער וועלט
די
פאר'כשופ'טע
בת-מלכה.

י. ראַווין.

# די פאַר'כּישוף'טע בת-מלכּה.

א קינדער-פּיעסע אין פּערזן מיט
געזאַנג און טענץ אין 3 אקטן.



פאַרלאַג א. גיטלין
1922 ווארשע

## פערזאָנען:

מֶלֶך.

מַלְכָּה.

פרינץ.

פרינצעסין.

לֵץ, פע־אַטקע.

מיניסטער.

הויף־סוויטע.

הויף־וואך.

6. גוטע מְכַשֵׁפות.

1. בייזע מְכַשֵׁפָה (שפעטער די אַלטיטשקע).

הויף־פריילנס.

און אַלטיטשקע.

## האַנדלונג:

1 אַקט — אין מלכ'ס שלאָס.

2 „ אין גאָרטן ביים שלאָס.

3 „ אין פאַר'כשופ'טן וואַלד.



# ב אַקט.

**1 סצענע:** (פּיים מלך אין שלאָס. אַלע געסט וואַרטן אויף דעם קעניגלעכן פּאָר).

לֵק: היינט איז יום־טוב אויף דער וועלט,
דאָ בײַ מיר אין מיין געצעלט!

1. גאַסט: זיינער גאָר!... געפעלט עס איך!
2. „ האַלט זיך אויך מיט מענטשן גלייך.

לֵק: האַלט דיין צינגל, זאָג איך דיר!

2. גאַסט: כ'זאָג עס גלאַט אַזוי... גלייב מיר.
נו, דערציייל אונז װאָס... הַכְּלָל...

לֵק: (גיט דעם צוויטן גאַסט אַ פּאַטש אין דער פּלייצע)
נאָך אַ פּאַטש ג־ט שטאַרק אַ קַאָל.

2. גאַסט: (גיט זיך אַ בייג)
אַי, עס ווערט מיר באַלד ניט גוט.

לֵק: נו, ניט שרעק זיך, האָב נאָר מוט
און דערהייל דערציייל איך, הערט,
װאָס דער מַלְכָּה איז באַשערט.

(זינגט).

אונזער מֶלֶךְ, הערט זיך איין,
מיט זיין מַלְכָּה פרעכטיק, פיין,
לעבן גליקלעך יאָר נאָך יאָר
גליקלעך, איבערגליקלעך... נאָר

אונזער מלכּה יאָ, יאָ, יאָ,
אין אַ בייזער חיסטער שָׁעָה
האָט קיין קינדער נעבעך ניט,
האָט זי דאָך אַ שווער געמיט.

דאַרף זיך טרעפן, אַז פאַרנאַכט
גייט זי אום ביים טייך פאַרטראַכט:
פּלוצלינג, פון איר בלאָטיק הויז
שפּרינגט אַ זשאַבעלע אַרויס —

מיט די איגלעך גיט אַ גלאָץ,
מיט די פיסעלעך האָץ, האָץ —
„נאָך אַ יאָר — דו האָסט אַ קינד!"
זאָגט די זשאַבע און פאַרשווינדט.

כאַ, כאַ, כאַ דער מעטער קוואַק

איז דאָך נים קיין פלודערזאַק,
האָט געטראָפן און צום יאָר,
זאָל עס פעלן כאָטש א האָר

3. גאַסט: (שלאָגט איבער)

זאָג שוין גיכער, נו, איז וואָס?

לץ: האָסט קיין צייט נים, רויטע נאָז?

אלע: (לאַכן) כאַ, כאַ, כאַ, כאַ, כאַ...

לץ: נו, גענוג שוין, שטילער, שאַ!

(זינגט ווייטער)

און די מַלְכָּה העי, וויוואַט,
האָט א טעכטערל געהאַט,
אַי, א טעכטערל, אַ גאָלד
א פּריִנצעסין ליב און האָלד.

מינסטער: (שלאָגט איבער פאַר'חדוש'ט)

א הַמְצָאָה, קען דען זיין,
אז א ושאבע, הערט זיך איין,
זאָל גאָר טרעפן מיט א וואָרט!
זאָג נאָר, איז עס אֱמֶת באָרט?

לץ: וואונדערסט זיך, מיניסטער־קאָפּ!
כאַ, כאַ, כאַ, איך ענטפער אָפּ?

נו, באטראכט נאר רואיק, קאלט.
זינט כ'געדענק דיך — ביזט שוין אלט —
לייגסטו שטענדיק אן א שעור
דאך עס טרעפט זיך אויך ביי דיר
(ווען עס האלט שוין, ברודער, שמאל)
זאגסטו אן אמת אויך אמאל.
(זינגט).
היינט די וואבע, גלייב מיר פארט,
ווייל זי רעדט ניט אוים קיין ווארט,
לייגט זי דאך במילא ניט
לייגט זי דאך במילא ניט.
מיניסטער: (אויפגערעגט)
כאפסט פון מיר דערפאר א פסק,
היט זיך בעסער, פלוידערזאק!
לץ: מיינסט, איך שרעק זיך שטארק? א, ניין!
הא... דער מלך קומט צוגיין.
גיכער שטעלט זיך אלע גרייט,
דיטלעך הער איך דעם טראבפייט.
(לויפט ארויס).

2 סצענע: (עס דערהערן זיך די טענער פון צערעמאָניאַל־מאַרש. דאַן קומט: ווערשט אַריין די ערן־וואך, דערנאָך דער מלך, די מלכּה מיט'ן קינד אין אַ קישן אויף די הענט. נאָך דער דעפּיליאַדע פון דער ערן־וואַך זינגען אַלע געסט אַ באַגריסונג).

## מַזָל־טוֹב

אַלע (זינגען): אַלע קומען מיר אַהער
אַלע האָבּ' מיר איין באַגער,
אונזער קעניגלעכע פּאָר
לעבן זאָל נאָך לאַנגע יאָר.

פעלדער, וועלדער, באַרג און טאָל
יובל'ט, יובל'ט אויף אַ קול,
די פּרינצעסין ליב און האָלד
ווערט אייך אַלע האָבן האָלט.

זון און שטערן, יעדער מענטש,
די פּרינצעסין גריס און בּענטש
און מיט שׂמחה און מיט לוסט
רייסט זיך אַים פון יעדנס ברוסט

אונזער מֶלֶך, מַזָל־טוֹב!
אונזער מַלְכָּה, מַזָל־טוֹב!

די פרינצעסין וונעשיין
לעבן זאָל און גליקלעך זײַן!

מלך: כ'דאַנק אײַך, כ'דאַנק אײַך, מײַנע פרײַנט,
ס'איז בײַ מיר אַ יום־טוב הײַנט,
און די סבה איז דערפון,
ווי מען ווייס שוין אומעטום —
ס'ערשטע קינד מײַנס, כ'שטעל עס פאָר.

אלע: לעבן זאָל עס לאַנגע יאָר!

לק: די באַגריסונג איז ניט גאַנץ,
ווײַל צום רומל פעלט אַ טאַנץ.

מלך: און דערצו ביזטו אַ כוואַט,
מאַכט אַ פרײַען פלאַץ און שאַט...

לק: טאַנצן וועל איך ניט אַלײן,
נאָר מיט מיר מוז די אויך גײן

(טאַנץ „לק און פעראַטקע“)

מלך: אויסגעצייכנט, זייער פײַן!

מלכה: קענסט שוין באַלד טאַנצמייסטער זײַן.

לק: לויט'ן מנהג יעצט די געסט
גייען צו ד ר וויג, צום נעסט
פון פרינצעסין וונעשיין

און באַגריסן זי גאַנץ פיין.
מיט'ן קעפּעלע אַ נייג
מיט'ן פיסעלע אַ בייג.

מֶלֶך: און דערנאָך אין גרויסן זאַל
אַלע גייען מיר צום באַל.

(אַלע געסט צושטעלן זיך, דער לץ פאָרויס).

לֵץ: (באַגריסט דאָס קינד)

אייגעלע, פייגעלע,
נעזעלע, העזעלע
שו, שו, שו, שו, שו
ליג אין דיין רו.

1. פאָר געסט: (באַגריסט דאָס קינד און רעדט צווישן זיך)

אַך, די אייגעלעך, אַ פּראַכט!

לֵץ: (שלאָגט איבער)

ווי זיי זיינען דאָך פאַרמאַכט.

2. פאָר: (באַגריסט און רעדט)

אירע הערעלעך ווי זייד!

לֵץ: (שלאָגט איבער)

אַך, מאַדאַם, עס טוט מיר לייד,
דאָך דאָס קינד, איר שטעלט זיך פאָר,

האָט קיין סימָן ניט פון האָר.

3. פּאָר: (באַגריסט און רעדט)

איז איר קערפּער רוויק ווייס!

לֶץ: (שלאָגט איבער)

כאַ, כאַ, כאַ... איר הערט אַ נייס,
דורך די וויקעלעך, איר הערט,
זעט איר לייב ער אומגעשטערט.
קיין עַיִן־הָרָע זעט אַ שפּרונג!

## 3 סצענע

(ס'הייבט אָן צו דונערן און בליצן און ס'קומען ראַש אַריין 6 מכשפות, האַלטנדיק זיך פאַר די הענט און לאָזן זיך אין אַ ווילדן מכשפות־טאַנץ, אַלע בלייבן געפּלעפּט).

עלטסטע מְכַשֵׁפָה: (נאָכ'ן טאַנץ צום מלך)

לויט דיין וואונש, לויט דיין פאַרלאַנג,
ניט געלאָזט זיך בעטן לאַנג,
ווי די פיילן שנעל צו דיר
אויף דיין יום־טוב איילן מיר.
און דערפאַר פון אונז אַלֶם דאַנק
קריגט דיין קינד ניט איין געשאַנק.

(גיט אַ צייכן. יעדע מכשפה גייט צו צום קינד, זאָגט אָפּ איר שפּרוך און פאַרשווינדט).

2. מְכַשֵּׁפָה: שײַנען זאָל זי װי ־די זון.

3. • מיט איר קלוגשאַפֿט אומעטום
זאָל זי שֵׁמ'ען אױף דער װעלט.

4. • קוים זי לעבט, קײן זאַך איר פֿעלט.

5. • פֿול מיט לוסט זאָל זײַן איר האַרץ.
שטענדיק װײַט פֿון װײטיק, שמאַרץ.

6. • מיט איר ליבן, מילדן בליק
גיט זי יעדן טרײסט און גליק.

(דאָ דערהערט זיך א שטורם און מיט א געפּילדער רײסט זיך
אַרײַן די זיבעטע מכשפה און שרײַט אױס אױף א קװיטשיק קול).

7. מְכַשֵּׁפָה: (די בײזע)

דורכ'ן שטורם, דורכ'ן װינט
קום איך אױך צו דיר געשװינט.
כאָטש פֿאַרבײַטן מיך אַלם גאַסט
האָסטו ניט, דאָך װי עס פּאַסט,
די פּרינצעסין בענטש איך, הערט:
קוים איר פּופּצן יאָר נאָר װערט
דורך א שפּינדלשטאָך אין הײַט
גלײבט זי ליגן קאַלט און טױט.

(פֿאַרשװינדט).

אַלע גע׳סט: ווי אַ דונער פּאַלט אַראָפּ
אונז דאָס אומגליק אויפן קאָפּ.
מיניסטער: העי, פאַרהאַלט זי גיכער, וואַך!
1. מְכַשֵׁפָה: לאָזט צורו, עס העלפט קיין זאַך.
מַלְכָּה: (צו דער מכשפה)
ווי איז, ווי איז מיר און ווינד!
ראַטעוועט מיין איינציק קינד.
מֶלֶך: (צו דער מכשפה)
שאַף, מְכַשֵׁפָה, אָפּ איר גְזֵר,
וואָס דו ווילסט, דו קריגסט דערפאַר.
1. מְכַשֵׁפָה: ניין, די גְזֵרָה בלייבט אין קראַפט.
כ׳קען אָפּשוואַכן בלויז איר האַפט.
ס׳קינד בלייבט לעבן זיכער... נאָר
שלאָפן וועט עס ניט איין יאָר,
גאַנצע הונדערט ביז צום סוף,
דאַן ערשט וואַכט זי אויף פון שלאָף.
בלייבט געזונט, איך גיי אַוועק.
(פאַרשווינדט)

4 סצענע: (אַלע אין אַ געדריקטער שטימונג. קורצער שמילשווייגן).

מַלְכָּה: אַך, איך ציטער נאָך פאַר שרעק.

מֶלֶך: אויף אַ ווײַלע גיי אַרויס

מיט׳ן קינד און רו זיך אויס.

(די מלכה גייט אַרויס).

1. גאַסט: נו, אַ הֶעָזָה... אומגעהערט,

2. „ קומט און שילט גאָר אומגעשטערט.

2. „ און די שִׂמְחָה איז צוניִשט.

לֵץ: שאַ, באַקלאָג זיך ניט אומזיסט.

(צו אַלעמען):

שוין דערזעעט איר וואָס איך קאָן.

מֶלֶך: (וואָס איז געווען פאַרטיפט אין די געדאַנקען)

יאָ, וואָס הייבט מען אָן צו טאָן?

לֵץ: פרעג איך טאַקע דיך... נאָך וואָס

האָסט אַראָפּגעלאָזט די נאָז?

ערשטנס, מֶלֶך, האָסט נאָך צייט,

פופצן יאָר, דאָס איז דאָך ווייט

צווייטנס, פאַלט זי דאָך אַריין
בלויז אין שלאָף, וואָס קען דאָרט זיין ?
דריטנס, ווייסט דאָך, אַז דער שלאָף
קומט פון שפּינדל... נו אַ כּוח,
האָסט בַּעֲלֵי־עֵצוֹת, קלוגע לייט.
כ׳גלייב, זיי וועלן פאַר דער צייט
וואָס צו טראַכטן...

מיניסטער: יאָ, געווים,
טאַקע נאָך ביים טעלער פיש.

לץ: דאַן וועט טראַכטן ס׳בייכל — נו,
מָרָה־שְׁחוֹרָה לאָז צורו;
כ׳האָב אַן עֵצָה אייך... הער אוים:
אַ באַפעל גיב גלייך אַרוים,
וואו אַ שפּינדל נאָר איז דאָ,
זאָל עס ווערן גלייך „ניטאָ" —
ווערט דיין לאַנד ביז יענער צייט
פון די שפּינדעלעך באַפרייט.

מֶלֶך: יאָ, עס איז אַ גוטער פּלאַן.
כ׳ראָט די שפּינדלעך אוים און דאַן
גייט פאַריבער דאָס געפאַר.

(צום לץ):

דו, באַקומסט דיין לוין דערפאַר,

זאָג, וואָס ווילסטו?

לֵץ: איך פאַרלאַנג...

לאָז די סְעוּדָה'ניו אין גאַנג.

חַי, געלעבט און טאַקע היינט,

מָרָה־שְחוֹרָה האָב איך פיינט.

מיניסטער: כאַ, כאַ, כאַ און דאָס איז גאָר!

לֵץ: יאָ, מיין חָכָם, שטעל זיך פאָר

(אויב דיין קעפל דאָס פאַרטראָגט).

ס'בעסטע, וואָס א מענטש פאַ מאָגט

איז זיין פריילעכער געמיט.

מיניסטער: יאָ, געווים, איך לייקן ניט.

לֵץ: פריילעך זיין — הייסט לעבן גוט,

פריי פון זאָרגן, פול מיט מוט.

אַלע געסט: המ... אַ לֵץ... און רעדט ניט שלעכט.

מֶלֶך: יאָ, מיין לץ, דו ביזט גערעכט.

לְכָבוֹד אונזער זונ'נשיין

גיסן וועט זיך רויטער וויין.

דאָך אַ שִׂמְחָה האָט קיין גלאַנץ
אייב ס׳באַגלייט זי ניט אַ טאַנץ.

לק: אײדער ווײן
שוימט מיט גלאַנץ,
פרײלעך זײן
הייסט דער כּאַנץ.

(עס קומט פאָר אַ היפּטאַנץ)

פּ אָ ר ה אַ נ ג.

# 2 אַקט.

3 סצענע: (דער פּרינצעסינס חברטעס זיצן אין גאָרטן פון שלאָס, פלעכטן אַ קראַנץ און זינגען אַ ליד).

ביים פלעכטן אַ קראַנץ.

בלימל פון וואַלד
פלעכט זיך אַריין,
פאַרטיק מוז באַלד
ס'קרענצעלע זיין.

בלימל אַריין,
בלימל אַרויס,
ס'קרענצעלע פיין
פלעכטן מיר אויס.

פלעכטן מיר אויס,
פלעכטן מיר איין —
קומט דאַן אַרויס
אַ מיידעלע פיין.

ס'מיידעלע קוועלט —
ש'ין איז דער קראַנק!
פיסעלעך שטעלט,
גרייט זיך צום טאַנץ.

ס'מיידעלע טאַנצט,
ס'מיידעלע זינגט,
ס'אייגעלע גלאַנצט
ס'קולכעלע קלינגט.

זינגט זי אַ ליד,
זינגט זי און לאַכט;
ווערט זי דאָך מיד,
פאַלט זי פאַרשוואַכט.

שמייכלט די זון,
שמייכלט און קוועלט:
מיידעלע קום,
קום אין געצעלט.

עלטסטע חברטע: גאָר אינגיכן קומט שוין אָן
די פרינצעסין און צו טאָן

איז נאָך דאָ אַריבער קאָפּ.

1. חבֿרטע: ווייסט מער לאָזט זי היינט ניט אָפּ

2. „ היינט איז איר געבורטסטאָג דאָך

האָט מען מורא פאַר דעם שטאָך

פון דעם שפּינדל...

3. „ דאָך אַרום

ועט צו אונז די ליבע רויז!

4. „ גוט געזאָגט... אַן אמת בלום!

5. „ יאָ, אַ בלום וואָס איז ניט שטום,

וואָס זי רעדט ניט, נאָר זי זינגט,

און איר שטים ווי זילבער קלינגט.

עלטסטע: און דערצו איז זי דאָך שיין,

2. חבֿרטע: כ'זאָג אייך ווי די וועלט אַליין.

3. „ אירע אויגן — סאַמעט-שוואַרץ

דרינגען די אַריין אין האַרץ.

4. „ אַך, מיר האָבן זיך פאַררעדט!

ס'מוז, אַוודאי, זיין שוין שפּעט!

עלטסטע: צו דער אַרבעט איינס און צוויי

נעמט זיך אַלע... אַט אַזוי.

(אַרבעטן זינגנדיק).

## אַמאָל איז געווען...

אַמאָל איז געווען אַ בת־מלכּה אַ פּראַכט,
גע'שמ'ט אומעטום האָט די ליבע
מיט בליקן וואָס האָבן געשמייכלט, געלאַכט
און פריילעך געמאַכט אַל'ע טריבע.
אַזוי ווי די זון שיקט אונז שטענדיק איר שיין
זאָל אַ'נוער פּרינצעסין אויך גליקלעך נאָר זיין

אַמאָל איז געווען אַ בת־מלכּה אַ גאָלד,
געליבט האָט זי איינער אַ מלך;
דער מלך דער גוטער ער האָט זי שטאַרק האָלט
און היט איר זאָל שטענדיק זיין פריילעך.
אַזוי ווי עס פינקלט דעם שטערנדלס בליק
אַזוי זאָל אויך שיינען איר מזל און גליק.

1. חבֿרטע: נו, דער קראַנץ איז פאַרטיק שוין.
2. „ פּאַסט אויף מיר אַיאָ, מיין קרוין?
3. „ פּאַסן... יאָ... נאָר נעם אין אַכט
ניט פאַר דיר איז ער געדאַכט.
2. „ וואָס דו זאָגסט — עס קען ניט זיין,
3. „ וואָס דו הערסט!

4. חַבֶרְטע: עס פֿאַלט מיר איין
גאָר אַ נייער פּלאַן...

אַלע: נו, נו, נו...

4. חַבֶרְטע: ווי זי קומט, מיר שטייען צו:
מיר דערלאַנגען דיר אַ קראַנץ,
און גיב אָפּ דערפֿאַר אַ טאַנץ.

עלטסטע חַבֶרְטע: כ'נעם די אויגן ניט אַראָפּ
דאַן פֿון איר געבענטשטן קאָפּ.
כ'זע זי יעצט צום טאַנצן גרייט,
אירע שלאַנקע הענט צושפּרייט,
ווי אַ סטרונע בלייבט זי שטיין,
דאַן ערשט הייבט זי אָן צו גיין
ריטמיש, שטיל און וואָס אַבּאָל
שנעלער, ראַשער...

חַבֶרְטע: שאַ, איר קול
הערט זיך נאָענט גאָר — אַיאָ?

3 סצענע: (די פּרינצעסין גנב'עט זיך שטיל צו און פֿאַר־
דריקט דער עלטסטער די אויגן).

פּרינצעסין: יאָ, יאָ, יאָ — אָט־בין איך דאָ.

ווייט געגריסט, איר ליבע פריינט.

אלע חברטעם: דיין געבורטסטאָג איז דאָך היינט.
ווינטשן מיר, זאָלסט גליקלעך זיין
אונזער גוטע ווּנטשיין.

עלטסטע: דעם באַשיידענעם געשאַנק
נעם אויך צו —

פרינצעסין: אַ שיינעם דאַנק.

(באקוקט דעם קראַנץ)

יאָ, דער קראַנץ געפעלט מיר שטאַרק.

עלטסטע: אויב אַזוי, טאָ ווי ניט קאַרג
זאָג ניט אָפ יעצט, אָס איך וויל.

פרינצעסין: זאָג, וואָס ווילסטו — איך ערפיל.

עלטסטע: טאַנץ פאַר אונז...

פרינצעסין: בלויז דאָס, ניט מער?
נו, פאַר מיר איז דאָס ניט שווער.

(טאַנצט).

1. חברטע: אַך, ווי שיין, כ'וואָלט גאַנצע טעג
נאָר געקוקט און ניט אַוועק.

פרינצעסין: כ'ווייס, אייך איר האָט פלינקע פיס,
און איך האָף, איר וועט געווים

עפּעס טאַנצן מיר צוליב.

1. חבֿרטע: גוט, אַביסל צייט אונז גיב,
וואָס צוגרייטן האָבן מיר.
דאָן ערשט טאַנצן מיר פאַר דיר.

(גייען אוועק, ס'בלייבן נאָר איבער די עלטסטע מיט דער פּרינצעסין).

פּרינצעסין: זע, זיי גייען גאָר צום שלאָס.
עלטסטע: יאָ... געחוים אַוועק נאָך וואָס. —
יעצט דערגרייכט צו מיר דער קלאַנג
פון אָרקעסטער, פון געזאַנג.

פּרינצעסין: איך פאַרשטיי ניט, וואָס כ'יט מיר
קומט היינט פאַר

עלטסטע: וואָס איז דען דיר?

פּרינצעסין: איך געפין זיך ניט קיין אָרט.
כ'קום אַהער צו אייך, באַטש דאָרט,
דאָרט אין שלאָס אין גרויסן זאַל
גייט לכּבֿוד מיר אַ באַל.
עמיץ האָט מיין לוסט פאַריאָגט,
טיף אין האַרצן עפּעס נאָגט.

עלטסטע: נאָר פאַרוואָס, מיין ליבער פריינט,
ס'איז דיין בעסטער יום־טוב היינט.

פרינצעסין: כ'וועל אלײן ניט...

עלטסטע: ניט, ניט טראַכט,
ס'וועט פאַרגײן אַלץ מיט דער נאַכט.
זע, ווי שײן איז אונזער פּאַרק.
ביז זײ קומען, קום צום באַרג.

4 סצענע: (די בײזע מכשפה קומט אַרײן מיט אַ שפּינדל אין דער האַנט און זינגט).

זורי, זורי...
זורי, זורי, שפּינדל גײ,
זורי, זורי, שפּינדל דרײ,
דרײ זיך, דרײ זיך אויף מײן האַנט
אײן און אײנציקע אין לאַנד,
באַלד פּרינצעסין זונענשײן
גיסט אַ שטאָך, דו שפּינדל מײן.

זורי, זורי, שפּינדל גײ,
זורי, זורי, שפּינדל דרײ,
דרײ זיך, דרײ זיך אָן אַ סוף
וואַרפן וועסטו באַלד אַ שלאָף

אויף פּרינצעסין וואונטשיין,
דריי זיך, דריי זיך שפּינדל מיין.

זורי, זורי, שפּינדל גיי,
זורי, זורי, שפּינדל דריי,
אין פאַרכּשופ׳ט שטיבל דאָרט
גרייט איך צו פאַר איר אַן אָרט,
גרייט איך צו פאַר איר אַ בעט
דריי זיך, שפּינדל, ס׳ווערט שוין שפּעט!

(פאַרשווינדט).

**5 סצענע:** (ס׳קומען אַן די פּרינצעסין מיט דער עלטער־סטער חברטע, גלייך נאָך זיי, פון דער צווייטער זייט, די איבעריקע חברטעס, אַנגעטאָן אַלס זומערפייגעלעך).

**פּרינצעסין:** וואָס, זיי זענען נאָך ניטאָ?
**עלטסטע:** דאַכט זיך מיר, זיי גייען... יאָ.
**זומערפייגעלעך:** (אַריינפליענדיק)

זומערפייגעלעך פול פּראַכט
זענען מיר, און ביז פאַרנאַכט,
ביז ס׳פאַרשווינדט דער זונענגלאַנץ,
ציט אונז אַלעמען צום טאַנץ.

(טאַנץ פון זומערפייגעלעך).

פּרינצעסין: ווייער שיין, יעצט רוט זיך אָפּ.

עלטסטע: ביז ס׳פאַרדרייט זיך נ ט דער קאָפּ

קען מען פירן ניט איין שפּיל.

זאָגט־זשע, ווער און וואָס עס וויל.

1. חבֶרְטע: לאָמיר שפּילן בלינדע־קו.

2. „ קאַץ און מויז...

עלטסטע: אַי, לאָזט צורו,

דאָ אין טונקל־גרינעם סאָד

גוט צו שפּילן איז אין ראָד.

(צו דער פּרינצעסין)

מיר די שטערן, דו די זון,

דו אינמיטן, מיר אַרום.

(שטעלט זי אין מיטן, אַלע כאַפּן זיך פאַר די הענט און פירן

אַ ראָד, זינגנדיק אַ)

**מאַי־טאַנץ־ליד**

ווער איז דער וואונדער שיינער פּרינץ,

דער שענסטער אויף דער וועלט?

וואָס וואו ער קומט נאָר אומעטום

פאַר גליק אַלץ שטראַלט און קוועלט.

און יעדער פּילט זיין שוועבן,

זיין רוף: „וואַכט אויף צום לעבן!"
דאָס איז דאָך דער פּרעכטיקער, שיינער,
דער ליבער און פרייליכער מאַי.
מיט אים אויף דער וועלט יעדער איינער
פילט שטענדיק זיך היימיש און פריי.

ווי קומט ער אָן צו פאָרן, זאָגט,
דער שענסטער אויף דער ערד? —
דורך זוניק לופט זיין וואָגן יאָגט,
די שטראַלן זענען פערד.
אים פייגעלעך באַגלייטן
און בלומען אויף די זייטן.
ער פליט, ווי אַ פייל פון דעם בויגן,
באַחן׳ט מיט אַ בלומיקן קראַנץ.
און ווינקט מיט די ליבלעכע אויגן —
אַל לעבן דער לוסטיקער טאַנץ!

---

ערשטע: יעצט אין יאָגעלעך, ווער וויל?
אַלע: אַלע! וואו זאָל זיין דער ציל?
ז. חברטע: איך שלאָג פאָר — צום טייך אַראָפּ.
איך שלאָג פאָר — פון באַרג גאַלאָפּ.

ס'איז פון דאנען אויך ניט ווייט.

פרינצעסין: אויף א ווײַלע מיך באפרייט,
כ'פיל זיך עפעס מיד — נאָר גלייך
וועל איך ווידער זיין מיט אייך.

עלטסטע: ניט אויף לאַנג נאָר, זונענשיין,
ס'וועט אָן דיר אונז באַנג דאָך זיין.

(אַלע אַוועק).

6 סצענע: (די פרינצעסין אליין).

פרינצעסין: אַך, וואָס קומט דאָ פאָר מיט מיר!
ס'שלעפערט מיך... א ווייגער פיר
מוז ערשט זיין, געווים ניט מער...
דאָ, ווער גייט עס דען אַהער?

(קוקט זיך אום).

קיין, אומזיסט דערשראָקן זיך.
ס'ווערט שוין פינסטערלעך? ווי גיך
היינט פאַרגייט די ליבע זון.
נאָר, וואָס קוק איך זיך אַרום
און איך שרעק מיך שטאַרק, פאַרוואָס!
דאָ ניט ווייט איז דאָך דער שלאָס.

כ'חיים אַליין נישט, וואָס איך וויל.

(ס'ווערט אַלץ טונקעלער).

ס'ווערט אַלץ טונקעלער... ווי שטיל...
דאַכט זיך, כ'טאַפּ די שטילקייט אָן.
ששש... קיין רויש, קיין קלאַנג, קיין טאָן...
אויך דעם פויגל הערט מען ניט.

(דאָ דערהערט זיך שפּילן „דאָס ליד פון סאָלווייג").

דאַכט זיך מיר, מע שפּילט אַ ליד...
בין איך טועה זיך... נאָר וואָס...
יעצט שוין דייטלעכער... ווי זיס
רייסט דער ניגון זיך אַרויס
און באַרויִקט מיין געמיט
און צו זיך אַלץ שטאַרקער ציט,
ווי אַ מוטער צו איר שויס,
ווען זי פּיעשטשעט, ווען זי פּרעסט
ס'ליבסטע קינד צו זיך גאָר פעסט.

(אין הינטערגרונט באַווייזט זיך אַ שטיבעלע, וואו אַן אַלטיטשקע (די בייזע מכשפה) שפּינט, זינגענדיק אַ ליד און ווינקענדיק צו דער פּרינצעסין).

יעצט דערטראָגן זיך צו מיר

חערטער... וואָס. אַן פּן מיר
ווע איך דאָרט... אַן אַלטע זיצט...
כ'וועט פאַר מורא אוש פאַרשוויצט.
נאָר וואָס שרעק איך זיך — ניט שיין,
וואָס זי טוט דאָרט, לאָם איך זען.

גיים צום שטיבל צו. עס דערהערט זיך דיימלע, ווי די אַ
טימשקע זינגט):

ז טימשקע: זורי, זורי, שפּינדל מיין,
זורי, זורי, שפּינדל פיין,
דריי זיך, דריי זיך. שנעל מיט בליי,
שפּין די פעדים צאַרט און ווייס
פאַר פר נצעסין זונעגשיין
שפּין אַ העמדל קלאָר און פיין.

זורי, זורי, שפּינדל מיין,
זורי, זורי, שפּינדל פיין,
דריי זיך לוסטיק און מיט האַסט
לכּבֿוד אונזער ליבן גאַסט
דער פּרינצעסין זונעגשיין —
זי געגריכט און קום אַריין.

אַלטיטשקע: שרעק זיך, ליבע, ניט פֿאַר מיר.
פּרינצעסין: ניין, איך שרעק זיך ניט פֿאַר דיר.
ווער ביזטו, וואָס טוסטו דאָ?
אַלטיטשקע: כ'בין אַן אַלטיטשקע, יאָ, יאָ,
און איך אַרבעט, און איך שפּין —
דריי דאָס שפּינראָד הער און הין,
שעה נאָך שעה איך שפּין און וועב
און דערפֿון איך אַלטע לעב.
פּרינצעסין: און דאָס דריידל וואָס באַזייט —
דרייט זיך אום אַזוי פֿאַרשייט.
אַלטיטשקע: ס'איז אַ שפּינדל, נעם אין האַנט
ווערסטו נעענטער באַקאַנט.
(די פּרינצעסין נעמט אין האַנט און פֿאַרשטעכט זיך.)
פּרינצעסין: כ'האָב פֿאַרשטאָכן זיך, אוי וויי...
אַלטיטשקע: האָסט פֿאַרשטאָכן זיך... אַזוי...
קומסט מיין פֿייגעלע, אַהאַ,
סוף כּל סוף צו מיר. כאַ, כאַ...
(די פּרינצעסין שלאָפֿט איין, די אַלטע צופּלעכט איר די האָר.)
אַלטע: איך צופּלעכט יעצט דיינע האָר
און אין בעט אויף הונדערט יאָר.

(ליגט זי אין בעט און רעדט שוין מיט א בייז געלעכטער).

יעצט דערגרייכט האב איך מיין ציל.

בליץ און דונער צו דער שפיל!

(עס דונערט און בליצט. די בליצן באלייכטן א לעבעדיק בילד: די פרינצעסין שלאפט מיט צופלאסענע האר און די מכשפה שטייט איבערגעבויגן די רעכטע האנט איבער דער פרינצעסינס קאפ, די לינקע האנט צום פובליקום. אויף איר געזיכט שפילט א סאטאנישער שמייכל).

פארהאנג.

# 3 אַקט.

1 סצענע: (דער פאַר׳כשופ׳טער וואַלד. אין דער ווײַט אַ פרייע וואלד־לאָנקע).

פּרינץ: כ׳גיי און גיי וואַלד איין, וואַלד אויס,
זוך פּרינצעסין דאָרנרויז.
נאָר דעם גרויסן, טיפן וואַלד
פול מיט דערנער גאָר אַ געוואַלט,
וואו פרינצעסין ליגט אין שלאָף
אים געפין איך ניט — איך האָף
צו דערגרייכן דאָך מיין ציל.
אין דעם וואַלד איז מאָדנע שטיל.

2 סצענע: (עס באַווייזט זיך די גוטע מכשפה).

פּרינץ: אַך, ווער ביסטו?
מְכַשֵּׁפָה: שרעק זיך ניט,
כ׳בין מְכַשֵּׁפָה און איך היט

אָפּ דעם שלאָף פון װוּנטשייִן.

פּרינץ: װעלכע כ'וּך, צי קען עס זײַן?

מְכַשֵׁפָה: יאָ, זי ליגט אָט דאָ אין װאַלד,

פּרינץ: אַ שיינעם דאַנק — איך לאָז מיך באַלד.

מְכַשֵׁפָה: װײסטו, פּרינץ, װאָס דיר ערװאַרט?
דיך באַשטראָפט דער כּשוף האַרט,
שטעלסט דײַן לעבן יעצט אין קאָן.

פּרינץ: מעג עס זײַן — איך װעל דאָך טאָן,
װאָס איך מוז און װאָס איך װיל.

מְכַשֵׁפָה: אויב אַזוי, טאָ גיי צום ציל
פאַר דער דרייסטקייט ניט איין העלד
איז געשטאָרבן אויף דער װעלט.
דו בלײַבסט לעבן, װײסט פאַרװאָס?
װייל פאַרפּילט איז שוין די מאָס
פון די הונדערט יאָר פון שלאָף.

פּרינץ: פאַר דעם נײַם אַ דאַנק — איך
עסט אויך װײַזן מיר דעם װעג.

מְכַשֵׁפָה: גיי מיט יענעם שמאָלן שטעג.

(דער פּרינץ לאָזט זיך גיין).

בשוף, בשוף, טו זיך אפ!
דערנער גייט פון וועג אראפ!
ס'איז אוועק שוין א מער צייט,
פאר דעם פרינץ דעם וועג באפרייט.

(דונערן און בליצן, ס'ווערט פינסטער, די מכשפה פארשווינדט, אויך די דערנער מיט דיביימער. אין הינטערגרונט באווייזט זיך דאס שטיבעלע מיט דער שלאפיקער בת־מלכה. דער פרינץ גיט זי א קוש, זי וואכט אויף, ביידע שטייען, האלטנדיק זיך פאר די הענט. דאס בילד ווערט באלויכטן דורך אפטע בליצן).

פאָרהאַנג.

